דער

# וויבער פרעסער

מיט דיא

# בלאהע בארד

זיינע אלטע דייטשע געשיכטע אונד זאגע פאן
איין עגיפטישען קויפמאן מיט זיין זאהן.

פערפאסט פאן ר. ל.








ווילנא

תר"ע



## ЖЕНОѢДЪ СЪ СИНЕЮ БОРОДОЮ

соч. **Р. Л.**

Изд. И. Функу Вилна,

אִין קִיאִירָא הָאט גֶעוְואָהנְט אֵיין סוֹחֵר עֶר הָאט גֶעהַאט אֵיין זָאהן וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט זַיין אַ סוֹחֵר, אֵיין מָאהל וִויא עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אִין זַיין נִיוֶועלְבּ (אוּנ הָאט זִיךְ זַיין פַּייף גֶערֵייכֶערְט), קוֹמְט אַרַיין זַיינֶער אַ שָׁכֵן אוּנ זָאגְט צוּ אִיהְם. „הָאט אִיהְר גֶעהֶערְט אַבְרַאהִים דָאס דִיא שִׁיף פוּן דֶעם פְרֶענְקִישֶׁען קַאפִּיטַאן דוּפַאן אִיז אוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען".

„וָואס, הָאט עֶר אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, קֶען דָאס מֶאגְלִיךְ זַיין, אוֹי, גְוַואלְט! הָאט עֶר אוֹיס גֶעשְׁרִינֶען מִיט אֵיין בִּיטֶערְלִיכֶען קוֹל, אִיךְ הָאבּ מַיינֶע צֶעהן טוֹיזֶענְד גָאלְד שְׁטִיקֶע דֶערְבַּייא פֶערְלוֹירֶען, אִיךְ וֶועל דָאס נִיט אוֹיסהַאלְטֶען, דֶען דָאס אִיז מַיין גַאנְץ פֶערמֶעגִין, (אִיךְ הָאבּ נִיט גִיהַאט מֶעהר וִויא דָאס), אוּנ בַּייא דִיא וֶוערְטֶער אִיז עֶר גֶעפַאלֶען אִין חַלָשׁוֹת, דֶער זָאהן הָאט דֶעם פָאטֶער גֶעלָאזְט אִין שְׁטוּבּ אַרַיין נֶעמֶען, עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט נָאךְ אֵיין אַרְצְט, וֶועלְכֶער הָאט גֶעזָאגְט, דָאס עֶס שַׁאט גָאר נִיט, אָבֶער אַזוֹיא אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען, דֶען נָאר וִויא דֶער אַרְצְט אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, הָאט דֶער פָאטֶער זַיין זָאהן צוּ זִיךְ צוּגֶערוּפֶען אוּנ הָאט צוּא אִיהְם גֶעזָאגְט. „הֶער אוֹיס מַיין זָאהן אִיךְ הָאבּ אָבּ גֶעהַאנְדֶעלְט פִינְפְצִיג יָאהר אוּנ קֵיינֶעם הַס וְשָׁלוֹם הָאבּ אִיךְ דוּרְךְ מַיין לֶעבֶּען גֶענַארְט אָדֶער שְׁלֶעכְטְץ גֶעטְהוּן, אַלְזָא זָאלְסְט דוּא זִיךְ אוֹיךְ אַזוֹיא בֶּענֶעהְן, נָאר אַזוֹי וִוי עֶס

נֶועט נָאךְ מִיר וָעהר וֶוייניג אִיבֶּער בְּלַייבֶּען, וָאלְסְט דוא אַלֶע דִינֶער פְרַייא לָאזֶען אונ אַלֶע זַאכֶען פַאר קויפֶען, אונ מִיט דֶעם צוזַאמֶען גֶענוּמֶענֶעם גֶעלְד וָאלְסְט דוּ דִיךְ אויף אַ שִׁיף אויף וָעצִין אונ וָאלְסְט פָאהרֶען אִין דִיא וֶועלְט אַרַיין דַיין גְלִיק זוכֶען, נָאר דוא וָאלְסְט דִיךְ בְּרַאוו אונ עֶהרְלִיךְ אויף פִיהרֶען, דֶען מִיט דִיא צְוֶוייא זַאכֶען קֶען מֶען דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט דוּרְךְ קוּמֶען, אויךְ הָאבּ אִיךְ אֵיין מָאכְטֶער גֶעהַאט, וֶועלְכֶער אִיךְ הָאבּ אִיהְר חֲתוּנָה גֶעמַאכְט מִיט וֶעהר אֵיין רַייכֶען מַאן וָואס מֶען הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען בְּלָאהֶע בָּארְד, וַויים אִיךְ נִיט וואוּ זַייא וֶענֶען אַהִין גֶעקוּמֶען, בֶּעט אִיךְ דִיךְ דוא וָאלְסְט זִיא זוּכֶען, אונ וָאלְסְט זִיךְ אָן אִיהְר מַאן נוֹקֵם זַיין; דֶען עֶר הָאט גֶעוִוים אִיהְר שְׁלֶעכְץ גֶעטְהוּן, וִויא עֶר הָאט דָאס גֶעעֶנְדִינְט אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען; זַיין זָאהן הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט וֶועהְר שֶׁאן בֶּעגְרָאבֶּען.

אויף דֶעם צְוֶוייטֶען טָאג הָאט עֶר אַלֶע זַאכֶען פַאר קויפְט, (דִיא דִינֶער הָאט עֶר פְרַייא גֶעלָאזְט מִיט אֵיין גֶעשֶׁענְק לוֹיט מֶאגְלִיכְקֵייט). וִויא עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט מִיט זַיין לֶעצְטֶען דִינֶער (וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען אֵיין אַלְטֶער מַאן) גֶעזֶעגֶענֶען, אונ אֵיין גֶעשֶׁענְק אִיהְם גֶעבֶּען, הָאט דֶער דִינֶער צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הֶער אוּים מַיין הֶערר, אָבְּוָואהל אִיךְ בִּין שׁוֹין אַלְט, פוּן דֶעסְט וֶועגֶען הָאבּ אִיךְ נָאךְ גֶענוּג קְרֶעפְטִין מִיט דִיר מִיט צוּגֶעהן וואוּהִין דוא מַיין הֶערר וֶועסְט נָאר גֶעהן, (אוּנ דֶערצוּ אויךְ נָאךְ גֶענוּג קְרֶעפְטִין אַלֶע לֵיידֶען מִיט דִיר אוּים צוּ הַאלְטֶען) דֶען אִיךְ בִּין שׁוֹין בַּייא דַיין פָאטֶער גֶעוֶועזֶען וֶוען דוא בִּיזְט גֶעבָּאהרֶען גֶעוָוארֶען,

דרום וויל איך דיך ניט פערלאזען, כדי מיין ארם אונ מיין עצה זאל נאך זיין זאהן דינען.

„גוט, האט ער איהם געענטווערט, איך וועל דיך מיט געמען, נאר דו מוזט וויסען דאס איך בין יעצט גנויא ארעם".

„פון דעם וויים איך, האט דער דינער געזאגט, מיינע הענד זענען נאך אבער גענוג שטארק, דאס איך וועל נאך קענען מיינס פאר דינען".

„גוט, האט איהם אהמעד געענטפערט, איך נעם דיך מיט. זייא האבען דאס געלד מיט זאכען וואס זענען איבער געבליבען צוזאמען גענומען אונ זענען אוועק געגאנגען צו דער סטאציע וואו אסך שיפען זענען געשטאנען אונ האבען זיך אויף א שיף אויף געזעצט וואס איז נאך אינדיען אב געגאנגען אונ זענען אוועק געפאהרען.

זייא זענען אויף דעם ים געפאהרען 14 טעג אונטער דעם שענסטען וועטער, אויף דעם פינפצעהנטען טאג האט זיך דער הימעל אנגעהויבען צו פאר ציהען מיט וואלקען, דער שיפס קאפיטאן האט צוזאמען גערופען אללע זיינע מאטראזין מיט דיא מענשען פון דער שיף אונ האט צוא זייא געזאגט, איהר מענשען איהר ווייסט געוויס דאס מיר שטעהען אין א גרויסען געפאהר דרום בעט איך אייך אין פאל אז עס וועט אנקומען א שטורם זאלט איהר יעדער בע-זונדער הערען וואס איך וועל זאגען (אונ טהון עס) אז איהר ווילט האבען אז מיר אללע זאלען בלייבען לעבען, איין פעהלער פון איין מענש קען אונז אללע פערליהרען, אונ

אַז יֶעדֶער װֶעט נָאךְ טְהוּן נָאךְ זַיין שֵׂכֶל אִיז קֵיין שׁוּם הָאפֶענוּנְג צוּ אוּנְז דָא), אַלֶע הָאבֶּען דֶעם קַאפִּיטַאן גֶעגֶעבֶּען דָאס װָארְט דָאס זֵייא אַלֶע װֶעלֶען אִיהְם הֶערֶען אוּנ טְהוּן װָאס עֶר װֶעט זֵייא נָאר הֵייסֶען טְהוּן:

פָאר אַלֶעם הָאט דֶער קַאפִּיטַאן גֶעהֵייסֶען אַנְצִיהֶען דִיא זֶעגְלֶען כְּדֵי דִי שִׁיף זָאל נִיט שְׁטַארְק לוֹיפֶען, דֶען אִין לוֹיפֶען קֶען זִיא אַרוֹיף גֶעהֶן אוֹיף אֵיין שְׁטֵיין אוּנ צוּ הַאקְט װֶערֶען, צְװֵייטֶענְס הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אֵיין בֶּעפֶעהל מֶען זָאל שְׁטַארְק אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיבּ מֶען װֶעט נִיט לַאנְד דֶער זֶעהֶען מֶען זָאל צוּם לַאנְד צוּ צִיהֶען, כְּדֵי דֶער שְׁטוּרְם זָאל גָאר נִיט שַׁאדִין, אַלֶע פָארבֶּרֵייטוּנְגֶען הָאט מֶען גֶעמַאכְט גֶעגֶען שְׁטוּרְם, דִיא שִׁיף אִיז לַאנְגְזַאם גֶעגַאנְגֶען, אוֹיף דֶעם צְװֵייטֶען טָאג װִיא אַלֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ אוֹיף דֶעם פָארְדֶעק צוּ זַאמֶען גֶענוּמֶען, אִיז דָאס מֶעֶר אַבִּיסֶעל רוּהִיגֶער גֶעװֶען, דֶער קַאפִּיטַאן הָאט רֶעגִירְט אוּנ דִיא מַאטְרָאזִין הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט װִיא קִינְדֶער דֶעם רֶבִּין, פְּלוּצְלִינְג אִיז עֶר בְּלַאס גֶעװָארֶען װִיא דֶער טוֹיט אוּנ הָאט אַ גֶעשְׁרֵייא גֶעטְהוּן, מַיין שִׁיף אִיז פֶערְלָאהרֶען דָארְט פָאהרְט דֶער טוֹיט, אוּנ װִיא דִיא מַאטְרָאזִין הָאבֶּען דָאס דֶער הֶערְט הָאבֶּען זֵייא אוֹיף גֶעהֶערְט צוּא אַרְבֵּייטֶען אוּנ הָאבֶּען גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם מֶעעֶר אַרוֹיף אוֹיף װֶעלְכֶען אַ שִׁיף אִיז גֶעפָאהרֶען, עֶס הָאט אוֹיס גֶעזֶעהן װִיא אֵיין גֶעװֶאהנְלִיכֶע שִׁיף אָבֶּער קֵיין לֶעבֶּע־דִיגֶען מֶענְשׁ הָאט מֶען דַארוֹיף גֶעזֶעהֶען, אוֹיךְ אִיז עֶס זִיךְ גֶעפָאהרֶען אוֹיף דֶעם מֶעעֶר װִיא אֵיין גֶעװֶאהנְלִיכֶעס שִׁיפֶעל.

אין אַ שָׁעָה אַרום איז דֶעם קאַפּיטאַנס שיף אונטֶער געגאַנגֶען, צְווייא מֶענשֶׁען זֶענֶען נָאר אויף דֶעם מֶעֶר גֶע-שְׁווימֶען, אונ דָאס איז גֶעוועֶן אַחָמֶער דֶעם קויפּמאַנס זָאהן מיט זַיין דינֶער, דֶער דינֶער הָאט דֶעם בַּעַל בַּיִת אויף דֶער הַאנְד גֶעטְרָאגֶען דֶען עֶר הָאט גֶעחַלִישְׁט, מִיט אִיבֶּער מֶענשְׁלִיכֶער קְרַאפְט הָאט דֶער דינֶער גֶעשְׁווימֶען צוּ צוּ אֵיין קְלֵיין שִׁיפֶעל וועֶלְכֶעס הָאט זִיךְ אויף דֶעם מֶעֶר גֶעקַייקֶעלְט וויא אֵיין נוּס שָׁאל. עֶר הָאט דֶעם בַּעַל בַּיִת דֶערמִינְטֶערְט אוּנ זֵייא בֵּיידֶע הָאבֶּען צוזַאמֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ צוּא צוּא שִׁיפֶען צוּ אֵיין גְרוֹיסֶע שִׁיף וועֶלְכֶע זֵייא הָאבֶּען אויף דֶעם מֶעֶר דֶערזֶעהן, וויא זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהר צוּגֶעקוּמֶען הָאט אַחָמֶער גֶעשְׁרִיגֶען אויף דֶער שִׁיף אַרוֹיף דָאס מֶען זָאל זֵייא הֶעלְפֶען אַרוֹיף שְׁטַייגֶען, אָבֶּער קֵיינֶער הָאט זֵייא קֵיין וָוארְט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ קֵיין מֶענְש הָאט זִיךְ פַאר זֵייא גֶעווִיזֶען, הֶער אוּיס, הָאט אַחְמֶער צוּ זַיין דִינֶער גֶעזָאגְט, דָא עֶס עֶנְטְפֶערְט אוּנְז קֵיינֶער אִיז דִיא שִׁיף גֶעווִיס לֵיידִיג, לָאמִיר אויף אִיהר אַרוֹיף אוּנ אַז מִיר וועֶלֶען דֶעם קָארְטִין דֶערזֶעהן וועֶלֶען מִיר צוּ אִיהם צוּ פָאהרֶען. גוּט, הָאט דֶער דִינֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנ זֵייא הָאבֶּען אויף דֶער שִׁיף אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיף צוּ קְרִיכֶען. אָבֶּער וויא זֵייא זֶענֶען אויף אִיהר אַרוֹיף גֶעקוּמֶען זֶענֶען זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען וויא טוֹיטֶע שְׁטֶעהן.... אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער אַנְבְּלִיק הָאט זִיךְ זֵייא פָארְגֶעשְׁטֶעלְט, אויף דֶער גַאנְצֶער שִׁיף זֶענֶען גֶעלֶעגֶען טוֹיטֶע מַאטְרָאזִין, יֶעדֶער הָאט אִין דֶער הַאנְד אַ שְׁוֶוערְד, אַ בִּיקְס, אָדֶער אַ הַאק גֶע-הַאלְטֶען, אוּנ דֶער קַאפִּיטַאן אִיז גֶעוועֶן מִיט אֵיין נָאגֶיל

צום זֶעגִיל בּוֹים צוּ גֶעשְׁלָאגֶען עֶר הָאט דִיא שְׁוֶוערְד אִין דֶער הַאנְד גֶעהַאלְטֶען, זֵייא זֶענֶען אַ בִּיסֶעל צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען מְיַשֵּׁב צוּ זַיין וָואס זֵייא זָאלֶען טְהוּן, עֶס אִיז בַּייא זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען זֵייא זָאלֶען אוֹיף דֶער שִׁיף בְּלַייבֶּען אוּנ דִיא טוֹיטֶע מֶענְשֶׁען זָאלֶען זֵייא אִין וַואסֶער אַרַיין וַוארְפֶען. וְויא זֵייא הָאבֶּען אָבֶּער גֶעוָואלְט דֶעם עֶרְשְׁטִין מַאטְרָאז אוֹיף הֵייבֶּען הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעקֶענְט דֶען עֶר אִיז גֶעוֶוען וְויא צוּ גֶעשְׁלָאגֶען צוּ דֶער שִׁיף, אוּנ אַזוֹי אוֹיךְ אַלֶע מַאטְרָאזִין, עֶר הָאט זִיךְ מִיט זַיין דִינֶער מְיַשֵּׁב גֶעוֶוען, דָאס זֵייא הָאבֶּען דָא גָאר נִיט צוּ טְהוּן, דֶען דֶער אוֹיבֶּער דֶעק אִיז בַּאדֶעקְט מִיט טוֹיטֶע, אוּנ זֵייא זָאלֶען אַרָאפּ גֶעהן אוּנְטֶער דֶעם אוּנְטֶער דֶעק. וְויא זֵייא זֶענֶען צוּ דִיא טְרֶעפּ צוּ גֶעקוּמֶען אִיז זֵייא אַ שֶׁעפְּס אַקֵייגֶען גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, זֵייא זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן אִיבֶּער גֶעשְׁרָאקֶען. שְׁרֶעקְט אַייךְ נִיט הָאט דֶער שֶׁעפְּס צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אֵיין פַארְשָׁאלְטֶענֶע נְקֵבָה דָאס וַוייבּ פוּן קַאפִּיטַאן וָואס אִיז דָא אָנְגֶעשְׁלָאגֶען צוּם זֶעגֶעל בּוֹים, קוּמְטְס אַרָאפּ אִין דֶער שִׁיפְס וָואהנוּנְג דָארְט וֶועט אִיהר עֶפֶּעס עֶסֶען אוּנ אַייךְ אוֹיס רוּהֶען. דֶער נָאךְ וֶועל אִיךְ אַייךְ דִיא מַעֲשֶׂה דֶערצֶעהלֶען וְויא אַזוֹיא עֶס הָאט זִיךְ מִיט מִיר פַּאסִירְט בִּיז דֶער צַייט, זֵייא הָאבֶּען אָבּ גֶעגֶעסֶען אוּנ זִיךְ גֶעלֵייגְט שְׁלָאפֶען, אוֹיף דֶעם צְווייטֶען טָאג וְויא אַחְמֶעד מִיט דֶעם דִינֶער אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען הָאבֶּען זֵייא שׁוֹין גֶעהַאט אַ שֶׁאן פְּרִישְׁטִיג אָנְגֶעגְרֵייט אוּנ דֶער שֶׁעפְּס אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען, זֵייא הָאבֶּען אָבּ גֶעגֶעסֶען אוּנ דֶער שֶׁעפְּס הָאט זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ דֶערצֵיילֶען.

איך בין אַ טָאכְטֶער פוּן אַ גְרוֹיסֶען סוֹחֵר אִין קַאלְקוּטַא איך הֵיים צַייאִידָא, איך בין גֶעוֶועֶן זֶעהר שֶׁאן, הָאט מִיך דֶער קַאפִּיטַאן גֶענוּמֶען פַאר אַ וַוייבּ, עֶר אִיז גֶעוֶועֶן אֵיין גְרוֹיסֶער עוֹשֶׁר, בַּייא אִיהם פְלֶעגְט מֶען צוּא עֶסֶען אוֹיף גָאלְדֶענֶע טֶעלֶער אוּנ דִיא רַאנְדִין זֶענֶען גֶעוֶועֶן מִיט בְּרִיי לַאנְטִין בֶּעזֶעצְט, וִויא אִיךְ בִּין בַּייא אִיהְם דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל גֶעוֶועֶן הָאבּ אִיךְ דִיא אוֹיגֶען נִיט גֶעקֶענְט עֶפֶענֶען פַאר בְּלִישְׁצֶען פוּן דִיא בְּרִילַאנְטִין, דֶען אַלְץ אִיז גֶעוֶועֶן בֶּעזֶעצְט מִיט דִיא טַייֶערְסְטֶע שְׁטֵיינֶער, אֵיין שְׁטוּבּ הָאט אַיין קִינִיגְרַייך אָנְגֶעטְרָאפֶען, נָאך דֶער חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיר זִיך אוֹיף דֶער שִׁיף אוֹיפְגֶעזֶעצְט וָואס מַיין מַאן אִיז פוּן אִיהר גֶעוֶועֶן קַאפִּיטַאן, מִיר הָאבֶּען מִיט גֶענוּמֶען מֶענְשֶׁען אוּנְטֶער זַייא אִיז גֶעוֶועֶן אֵיין דֶערְוִויש (אֵיין טִירְקִישֶׁער בֶּעטְ לֶער) עֶר הָאט זִיךְ עֶטְוַואס לֶעבֶערְלִיךְ בֶּענַאנְגֶען אִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען, דֶען וֶוען אַ מַאטְרָאז הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא פְלוּכֶען אוּנ צוּ טְרִינְקֶען, הָאט עֶר אוֹיף אִיהם אַ קוּק גֶעטְהוּן וִויא עֶר וָואלְט אִיהם גֶעוָואלְט טוֹיטֶען, דָאס הָאט דִיא מַאטְרָאזִין שְׁטַארְק פַארדְרָאסִין אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁווּאוֹרֶען אַז זַייא זָאלֶען זִיךְ אָן אִיהם נוֹקֵם זַיין דֶערפַאר, עֶר, וִויא עֶס שַׁיינְט מִיר הָאט דָאס גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען, דֶען עֶר הָאט זַייא אוֹיס גֶעמַיידְט, אֵיין זַאךְ אִיז מִיר אוֹיף גֶעפָאלֶען, אוּנ דָאס אִיז גֶעוֶועֶן אֵיין גְרוֹיסֶער הוּנְד וֶועלְכֶען עֶר הָאט בַּייא זִיךְ גִיהַאט, עֶר הָאט פוּן אִיהם קַיין טְרִיט נִיט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען, אוּנ אִיבֶּער וֶועלְכֶען עֶר פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג צוּא מוּרְמְלֶען, וָואס מֶען הָאט נִיט גֶעקֶענְט פֶערְשְׁטֶעהן, אוּנ דֶער הוּנְד הָאט

צוא אִיהם צוּרִיק גֶעמוּרְמֶעלְט וִויא אֵיין פַארשָׁאלְטֶענֶער מֶענְש.

אֵיין מָאל וִויא אִיךְ בִּין מִיר גֶעזֶעסֶען אִין מַיין שִׁיפְּס שְׁטִיבֶּעל הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט וִויא דֶער דֶערְוִיש רֶעדְט מִיט יֶעמַאנְדֶען, אִיךְ הָאבּ אָבֶּער גֶעווּאוּסְט דָאס עֶר הָאט אוֹיף דֶער שִׁיף קֵיינֶע בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט מִיט נִיעמַאנְדֶען הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט וִויסֶען מִיט וֶועמֶען עֶר רֶעדְט, אִיךְ הָאבּ דוּרְךְ אֵיין שְׁפַּארֶע אַרַיין גֶעקוּקְט צוּא אִיהם הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען דָאס עֶר רֶעדְט מִיט דֶעם הוּנְד, הֶער אוֹיס, הָאט דֶער דֶערְוִויש גֶעזָאגְט צוּם הוּנְד, אַזוֹי וִויא דוּא בִּיזְט מַיין אוּנְטֶערְטַאן, זָאלְסְט דוּא מִיךְ מִיט אַלֶעם הֶערֶען, וַוייטֶער הָאבֶּען זֵייא עֶפֶּעס אִין דֶער שְׁטִיל גֶערֶעדְט וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקֶענְט הֶערֶען, אוֹיף דֶעם צְווייטֶען טָאג דֶערנָאךְ הָאט זִיךְ דֶער יַם פֶּערנוּמֶען אוֹיף אֵיין שְׁטוּרְם, דֶעם גַאנְצֶען טָאג אִיז דֶער דֶערְוִויש אַרוּם גֶעלָאפֶען אוֹיף דֶער שִׁיף אוּנ הָאט דִיא מַאטְרָאזִין נָאךְ מִיט עֶרְגֶערֶע בְּלִיק אָנְגֶעקוּקְט וִויא פְרִיהֶער, אוּנ עֶר הָאט זֵייא נָאךְ מֶעהר גֶעשִׁימְפְּפְט פַאר זֵייעֶר שִׁכּוּר'ן, דִיא מַאטְרָאזֶען הָאבֶּען אִיהם גֶעחַאפְּט אוּנ הָאבֶּען אִיהם גֶעוָואלְט אִין וַואסֶער אַרַיין וַוארְפֶען, אָבֶּער מַיין מַאן וָואס אִיז גֶעוֶוען קַאפִּיטַאן הָאט נִיט גֶעלָאזְט. וָואס, הָאט עֶר צוּ דִיא מַאטְרָאזִין גֶעזָאגְט, טְהוּט עֶר אַייךְ דֶען עֶטְוַואס שְׁלֶעכְטֶס, אִיהְר הָאט צוּ אִיהם גָאר נִיט. דֶער שְׁטוּרְם אִיז וָואס אַמָאל שְׁטַארְקֶער גֶעוָוארֶען אוּנ מִיר זֶענֶען גֶעוֶוען אִין דֶעם גְרֶעסְטֶען גֶעפַאהר דוּרְךְ דֶעם שְׁטוּרְם.

אין דעם געפּאהרליכען אויגענבליק קומט דער דערוויש צו צו מיין מאן אונ זאגט צו איהם אזוי וויא דוא האסט מיך פון דיא מאטראזינס הענד געראטיוויט, וועל איך דיר דער פאר דיין שיף רעטין, מיין מאן איז דארויף בעשטאנען, דער דערוויש איז אין זיין שטיבעל אריין געגאנגען אונ האט אויף דעם פּאהרדעק איין קעסטיל געבראכט, עס איז געוועזען פול מיט שטיינער דער הונד איז אויך באלד ארויף געקומען, ער האט איהם אניידער געשטעלט אין מיטען דער שיף, ארום איהם האט ער געלייגט שטיינער אונ געבין די שטיינער האט ער זיך אליין אנידער געשטעלט, אונ מיט אשטעקעלע וועלכעס ער האט אין דער האנד געהאלטען האט ער אוייז געטהון געגען דיא וואלקענס, אין דער זעלבער מינוט איז דער שטורם נאך גרעסער געווארען אונ מיר האבען ניט געוואוסט וואס עס טהוט זיך מיט אונז, עס האט אבער ניט לאנג געדויערט דען אין פינף מינוט ארום האט זיך דער שטורם געשטעלט אונ מיר האבען שוין דעם הונד ניט געזעהען. איך בין געבליבען וויא פערשטיינערט פאר פער־וואונדערונג שטעהן, מיין מאנס קול האט מיך פון מיין פערוואונדערונג אויף געוועקט וועלכער האט צום דערוויש געשריגען. „וואס מיינסט דוא פאר פלוכטער צויבערער דוא מיינסט איך פערשטעה עס ניט, דאס עס וואר קיין שטורם ניט, נאר דוא האסט עס מיט דיין צויבעריא געמאכט מיט דיין פארשאלטענעם הונד, א צויבערער וויל איך אויף מיין שיף ניט האבען, געה צו דיינע עלטערן אין דיא עוויגקייט אריין, אונ האט איהם געוואלט דער שטעכין מיט דעם

שְׁווערד, וויא עֶר אָבֶּער הָאט נָאר דִיא וֶוערְטֶער גִיעֶנְדִיגְט הָאט דֶער דֶערְוִויש אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וַואקְסֶען מִיט יֶעדֶער מִינוּט אִיז עֶר גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען, עֶר אִיז הֶעכֶער גֶעוָוארֶען וִויא דֶער הָעכְסְטֶער זֶעגֶעל בּוֹים פוּן אוּנְזֶער שִׁיף, עֶר הָאט אָנ־גֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁרַייֶען פָערפְלוּכְט זָאלְסְט דוּא זַיין מִיט דַיינֶע גַאנְצֶע מַאנְשַׁאפְט 20 יָאהר זָאלְט אִיהר אַרוּם פָאהרֶען אוֹיף דֶעם יַם טוֹיטֶער הַייט, בִּיז עֶס וֶועט קוּמֶען אַ מֶענְשׁ וָואס וֶועט אַייך צוּם בָּארְטִין צוּ פִיהרֶען, אוּנ דֶענְסְטְמָאל דוּרְך צוֹיבֶּערְקְרַאפְט זָאלְט אִיהר קֶענֶען לֶעבֶּעדִיג וֶוערֶען, בַּיין וַוייבּ שְׁטָאלְצֶער אוּנְגְלוֹיבִּיגֶער קַאפִּיטַאן זָאל וֶוערִין אַ שֶׁעפְּס אוּנ דוּא זָאלְסְט זַיין מִיט אַ נָאגִיל צוּם גְרֶעסְטִין זֶעגִיל בּוֹים צוּ גֶעשְׁלָאגֶען, וואז אַייעֶר שִׁיף וֶועט קוּמֶען זָאל עֶס בְּרֶענְ־גֶען פַארדֶערְבְּנִישׁ, וֶוער עֶס וֶועט אַייעֶר שִׁיף דֶער זֶעהֶען זָאל שְׁטַארְבִּין אוּנ אַלֶע זָאלֶען פַאר אַייך אַנְטְלוֹיפֶען וִויא פַאר פַייעֶר, נוּר נָאך 20 יָאהר זָאל אַייך אֵיין מֶענְשׁ וָואס וֶועט זַיין דוּרְך זַיין גַאנְץ לֶעבִּין עֶהרְלִיך וֶועט אַייך קֶענֶען רַאטִיוֶועןְ, אוּנ נָאך דִיא וֶוערְטֶער אִיז עֶר פַארשְׁווִינְדֶען גֶע־וָוארֶען, בַּאלְד דַארוֹיף אִיז דִיא גַאנְצֶע שִׁיף אִין דֶעם צוּשְׁטַאנְד גֶעוָוארֶען, אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶעזֶעהן וֶוען דוּא בִּיזְט אוֹיף אִיהר אַרוֹיף, לֵיידֶער זֶענֶען זַיינֶע וֶוערְטֶער וָואהר גֶעוָוארֶען, אוּנ יֶעצְט הָאבֶּען זִיך דִיא 20 יָאהר גִיעֶנְדִיגְט אוּנ מִיר קֶענֶען אוֹיסְגֶעלֵייזְט וֶוערֶען נוּר דוּרְך אַייך.

גוּט, הָאט אַהְמֶעד גִיעֶנְטְוֶוערְט, אַזוֹי וִויא אִיך קֶען אַייך צוֹיבֶּערַייא וֶועל אִיך אַייך אוֹים לֵייזֶען אוּנ צוּם בָּארְטִין צוּ פִיהרֶען, דִיך אָבֶּער צַייאִידָא וֶועל אִיך בַּאלְד צוּרִיק פַאר

אַ מֶענְשׁ פַּאר טוֹישֶׁען, אָבֶּער אָן דֶעם פוּרְכְטְזַאמֶען צוֹיבֶּערֶער וָועלִין מִיר זִיךְ פִּירְכְטֶערְלִיךְ נוֹקם זַיין, דֶען עֶס פַּארְדְרִיסְט מִיךְ דָאס אֵיין מֶענְשׁ זָאלל קֶענֶען אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען אַזוֹיא פִּיל שְׁלֶעכְטְס טְהוּן, פִּילְלַייכְט הָאסְט דוּ פוּן אִיהם עֶטְוַואס אֵיין זַאךְ, דוּרְךְ וָועלְכֶער אִיךְ וֶועל קֶענֶען גֶעוָואהר וֶוערֶען וואוּ עֶר אִיז.

„מִיר מוּזֶען נָאךְ זוּכֶען, הָאט דֶער שֶׁעפְּס גֶעזָאגְט, זַייא גֶעהֶען אַרַיין אִין דֶער שְׁטוּבּ וואוּ דֶער דֶערְוִויש הָאט גֶעוָואהנְט אוּנ הָאבֶּען דָארְט גֶעפוּנֶען אֵיין קֵיילֶעכִיג גְרִין גְלָאז דַארוֹיף אִיז גֶעוֶועזֶען דְרַייא אוּנְפֶערְשְׁטֶאנְדְלִיכֶע וֶוערְטֶער אוֹיפְגֶעקְרִיצְט, אַחְמֶעד גֶעמְט עֶס אִין דֶער הַאנְד אַרַיין אוּנ רֶעט דַארִיבֶּער אַפָּאר מִינוּטֶען, אִיז דָאס גְלֶעזִיל רוֹיט גֶעוָוארֶען אוּנ עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיךְ אַרוֹיס צוּגֶעהן, דִיא שְׁטוּבּ אִיז פִינְצְטֶער גֶעוָוארֶען אוּנ עֶס הָאט אִין אִיהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בְּלִיצֶען אוּנ צוּ דוּנֶערן, עֶס אִיז פוּן דֶעם גְלֶעזִיל אַרוֹיס גֶע־שְׁפְּרוּנְגֶען אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע מִיט אַ לֶענְגֶערֶע בָּארְד וִויא עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען, אוּנ אִין גְלָאז אָנְגֶעטְהוּן, אָךְ! הָאט עֶר אַ זִיפְּץ גֶעטְהוּן, אִיהר הָאט מִיךְ פוּן מַיין גֶעפֶענְגְנִישׁ בֶּעפְרַייט, 21 יָאהר זִיטְץ אִיךְ אִין דֶעם גְלֶעזִיל גֶעפַאנְגֶען אוּנ אִיהר הָאט מִיךְ בֶּעפְרַייט, דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד דֶער אַבְּשֵׁיילִיכֶער מֶענְשׁ הָאט מִיךְ אַיינְגֶעזֶעצְט דֶערְפַאר וַוייל אִיךְ הָאבּ אִיהם נִיט גֶעלָאזְט זַיין לֶעצְט וַוייבּ טוֹיטֶען, דְרוּם הָאט עֶר מִיךְ אַיינְ־גֶעזֶעצְט אוּנ זִיא הָאט עֶר פַאר אֵיין הוּנְד פַאר טוֹישְׁט. וָואס? בְּלָאהֶע בָּארְד!? הָאט אַחְמֶעד אַ גֶעשְׁרֵייא גֶעטְהוּן, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פוּן אִיהם אַמָאל גֶעהֶערְט, אָה! אִיךְ וֵויים

שוין, ער איז מיין פאר לויבענע שוועסטערס מאן, אזויא וויא מיין פאטער האט מיר פאר זיין טויט געזאגט. איהר ווייסט, האט ער ווייטער צום קליינעם מענשעלע געזאגט, ווער עס איז געוועזן זיין ווייב. יוא, האט איהם דאס מענשעלע גיענטפערט, זיין ווייב איז געוועזן אבראהים איבנ עלעאזארס טאכטער. דאס איז מיין שוועסטער, האט אחמעד אגעשריי געטהון, יעצט וועל איך מיך שוין ניט אויפהאל־טען צו זוכען דעם אבשייליכען צויבערער איך זאל איהם פארדערבין. אלאדין, האט ער אויף זיין דינער אגעשרייא געטהון, ברענג מיר מיין רויט קעסטיל אריין וואס איך האב עס פון וואסער ארויס גערא‌טיוויט, דער דינער ברענגט עס אריין. ער נעמט ארויס פון קעסטיל פינף קיילעכיגע שטיי־נער אויף יעדען איז א טויטער קאפ אפגעמאלט, ער שטעלט עס ארום דעם שעפס אונ נעבין דעם שעפס שטעלט ער אנידער איין וואהרין טויטען קאפ, ער נעמט איין פייער פאן אונ גליהט דרינען אהן איין אייזערנע שטעקעלע ער מאכט ארום זיך א ראד אונ ווארפט אויף דעם שעפס ארויף איין פייערדיגע קויל, דער שעפס פאלט אנידער, אין דעם אוי־גענבליק נעמט ער איין קעסעלע מיט וואסער אונ שטעלט עס צום פייער צו. ער ווארפט דארין אריין קרייטעכצער אונ רעדט דאריבער א לאנגע צייט, דער נאך צאפט ער אביסעל וואסער אב אין איין גלעזיל אריין, אונ גיסט דאס וואסער אויף דעם שעפס ארויף מיט דיא ווערטער „ווער צוריק א מענש". אין דעם אויגענבליק ווערט דער שעפס צוריק א פרויענצימער, איהר שאנקייט איז גאר ניט צו בעשרייבען

דֶען וִויא דֶעם קוֹיפְמַאנְס זָאהן הָאט זִיא נָאר אָנְגֶעקוּקְט אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן וִויא פַאר שְׁטֵיינֶערְט, אִיךְ דַאנְק דִיר הָאט זִיא צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, דָאס דוּא הָאסְט מִיךְ אוֹיס גֶעלֵייזְט פוּן דֶעם גֶעפֶּענְגְנִישׁ. יֶעצְט אִיז צוּם דַאנְקֶען קֵיין צַייט, הָאט אַהְמֶעד'ס זָאהן גֶעזָאגְט צוּם קַאפִּיטַאנְס וַוייבּ, מִיר מוּזֶען צוּם בָּארְטִין צוּא פָּאהרֶען אוּנ אַייעֶר מַאן אוֹיס לֵייזֶען, אוּנ דֶערנָאךְ מוּזֶען מִיר דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד אוֹיף זוּכֶען אוּנ זִיךְ אָן אִיהם נוֹקֵם זַיין, אִיהר וֵוייסְט גֶעוִויס, הָאט עֶר צוּם מֶענְשֶׁעלֶע גֶעזָאגְט, וואוּ דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד אִיז? יֶעצְט וֵויים אִיךְ נִיט, עֶנְטְפֶערְט דָאס מֶענְשֶׁעלֶע, נָאר אִיךְ קֶען גֶעוָואהר וֶוערֶען וואוּ עֶר אִיז, אִיךְ וֶועל פוּן אַייךְ יֶעצְט אַוֶועק. אוּנ אִיךְ וֶועל אִיהם אוֹיף זוּכֶען עֶס קֶען מֶעגְלִיךְ זַיין אִיךְ זָאל אִיהם גֶעפִינֶען, דֶען עֶר הָאט זַיין אָפְּשְׁטֶעל אוֹיף אֵיין אִינְזֶעל אִין שְׁטִילֶען יַם, וֶועט עֶר דָארְט זַיין וֶועל אִיךְ אַייךְ שׁוֹין קוּמֶען בֶּענַאכְרִיכְטֶען וואוּ עֶר אִיז, עֶר גֶעהט אַרוֹיס אוּנ שְׁפְּרִינְגְט אִין וַואסֶער אַרַיין אוּנ וֶוערְט פֶערשְׁוְוינְדֶען שְׁוִוימֶעדִיגֶער הֵייט.

זַייא גֶעהֶען אַלֶע דְרַייא אוֹיף דֶעם פָּארְדֶעק, אַהְמֶעד שְׁטֶעלְט זִיךְ בַּיים זֶעגִיל בּוֹים אַנִידֶער, עֶר נֶעמְט אַרוֹיס אֵיין זִילְבֶּערְנֶעם פַייפֶערִיל, אוּנ גִיט דֶערְמִיט אַ פַייף, קוּמְט אֵיין גֵייסְט אַרוֹיס פוּן וַואסֶער. „וָואס פֶערְלַאנְגְט מֵיין הֶערר"? -- הָאט אִיהם דֶער גֵייסְט גֶעפְרֶעגְט. „פִיהר אוּנְז צוּם בָּארְטִין צוּ, הָאט אִיהם אַהְמֶעד גִיֶענְטְוֶוערְט, אוּנ וַוארְט אוֹיף מֵיין בֶּעפֶעהל, אָדֶער בֶּעסֶער בְּרֶענְג מִיר צוּם עֶרְשְׁטִין דִיא גָאלְדֶענֶע וואוּנְדֶערְלִיכֶע קֵייט פוּן דַיין אוֹצָר אַרוֹיס. „גוּט, עֶנְטְ-

פֶערְט אִיהם דֶער גֵייסְט, דָא מַיין הֶערר הָאסְט דוּא דִיא קַייט, אִיךְ הָאבּ פְרִיהֶער גֶעוואוּסְט אַז דוּא װֶעסְט זִיא בְּרוֹיכֶען, אוּנ דֶער גֵייסְט נִיט אַחְמֶעד'ן אֵיין קַייט פוּן דֶער שֶׁענְסְטֶער אַרְבַּייט, דֶעם קוֹיפְמַאנְס זָאהן טְהוּט זִיא זִיךְ אָן אוּנ בֶּעפֶעהלְט דֶעם גֵייסְט עֶר זָאל אִיהם צוּם בָּארְטִין צוּא פִיהרֶען. דֶער גֵייסְט װֶערְט פֶערשְׁוִוינְדֶען אוּנ דִיא שִׁיף הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען גֶעשְׁוִוינְד צוּ שְׁוִוימֶען אוֹיף דֶעם וַואסֶער.

אִין צְוֵויי שָׁעָה אַרוּם הָאבֶּען דִיא דְרַיי לַייט דֶערזֶעהן דֶעם בָּארְטִין, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק גֶעפְרֵייט אוּנ אַחְמֶעד אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ דֶער אַרְבַּייט אַ בִּיסֶעל שְׁלָאפֶען. פְּלוּצְלִינְג אִיז אָן גֶעקוּמֶען אֵיין גְרוֹיסֶער וָואלְקִין, דֶער דִינֶער לוֹיפְט אַרָאפּ אִין דֶער שְׁטוּבּ אַרַיין. „אוֹי! שְׁרַייט עֶר, אֵיין שְׁטוּרְם קוּמְט אָן מִיר װֶעלִין נָאךְ אֶפְשַׁר פֶערְלוֹירֶען װֶערִין, פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵיי פוּן דֶעם דִינֶער חַאפְּט זִיךְ אַחְמֶעד דֶערשְׁרָאקִין אוֹיף. וָואס אִיז דָאס? פְרֶעגְט אַחְמֶעד. אַ שְׁטוּרְם קוּמְט אָן, עֶנְטְפֶערְט אִיהם דֶער דִינֶער. אַחְמֶעד לוֹיפְט אַרוֹיף. וִויא עֶר קוּמְט אַרוֹיף הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁרַייעֶן, „דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד וִויל אוּנְז דֶעם װֶעג פֶערשְׁטֶעלֶען מִיר זָאלֶען נִיט קֶענֶען צוּ קוּמֶען צוּם בָּארְטִין, מִיר מוּזֶען אִיהם מִיט דֶעם גֵייסְטְ'ס הִילְף פַארְטְרַייבֶּען, וָוארוּם אִיךְ קֶען אִיהם יֶעצְט גָאר נִיט טְהוּן. עֶר אִיז יֶעצְט שְׁטַארְקֶער וִויא אִיךְ". עֶר הָאט נָאךְ אַמָאל אַ פַייף גֶעטְהוּן אִיז דֶער זֶעלְבֶּער גֵייסְט אַרוֹיס גֶעקוּמֶען, פַאר טְרַייבּ דָארְט יֶענֶעם עֶר זָאל אוּנְז דֶער־ וַוייל גָאר נִיט קֶענֶען טְהוּן, דֶער גֵייסְט װֶערְט פֶערשְׁוִוינְדֶען אִין אַ קוּרְצֶע צַייט אַרוּם אִיז דֶער וָואלְקִין פֶערשְׁוִוינְדֶען גֶע־

וָוארֶען, דֶער גֵייסְט וִויל צוּרִיק אִין וַואסֶער אַרַיין, אָבֶּער אַהְמֶעד הַאלְט אִיהם מִיט דִיא וָוערְטֶער צוּרִיק. „אִיךְ הָאבּ דִיךְ עֶטְוַואס צוּ פְרֶעגֶען. „פְרֶעג מַיין הֶערר“, זָאגְט צוּא אִיהם דֶער גֵייסְט, אַז עֶס וֶועט נָאר זַיין אִין מַיין מַאכְט אִיךְ זָאל אַייךְ קֶענֶען עֶנְטְפֶערְן דִיא פְרַאגִין וָואס אִיהר וֶועט מִיךְ פְרֶעגֶען וֶועל אִיךְ עֶס אַוַודַאי טְהוּן. מִיט וָואס ? הָאט אִיהם אַהְמֶעד גֶעפְרֶעגְט, קֶען מֶען דִיא מֶענְשֶׁען לֶעבֶּעדִיג מַאכֶען ? מִיט דֶעם אַשְׁמְדַאי׳ס הַאק, הָאט עֶר אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט, קֶען מֶען דִיא בְּרֶעטֶער אָפּ הַאקִין, אוּנ מִיט זַיין וַויין קֶען מֶען דִיא מֶענְשֶׁען לֶעבֶּעדִיג מַאכֶען. קֶענְסְטוּ מִיר, הָאט עֶר אִיהם גֶעפְרֶעגְט, דִיא זַאכִין שַׁאפֶען, יָא, הָאט עֶר אִיהם גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִיז פֶערשְׁווִינְדֶען גֶעוָוארֶען. אִין אֵיין שָׁעָה אַרוּם אִיז פוּן וַואסֶער אַרוֹיס אַרוֹיךְ אוּנ דֶער גֵייסְט הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען מִיט אֵיין גָאלְדֶענֶע הַאק אוּנ אֵיין קְרִיסְטַאלֶענֶע פְלַאשׁ וַויין. דָאס הָאבּ אִיךְ, הָאט דֶער גֵייסְט גֶעזָאגְט, פוּן אַשְׁמְדַאי אַלֵיין עֶרְהַאלְטֶען, אֵיין אַנְדֶערְן וָואלְט עֶר זֵייא נִיט גֶעגֶעבֶּען נוּר דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד, אוּנ אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דָאס עֶר אַיילְט זִיךְ צוּם אַשְׁמְדַאי הָאבּ אִיךְ אִיהם דֶעם וֶועג פֶערלֵייגְט עֶר זָאל צוּ אִיהם נִיט צוּא קוּמֶען, עֶר אָבֶּער הָאט גֶעאַרְבַּייט מִיט טוֹיט שְׁוַויים בַּארוֹיף, פוּן דֶעם גֶערוּדֶער הָאט זִיךְ דֶער אַשְׁמְדַאי גְרָאד אוֹיפְגֶעוֶועקְט דֶען עֶר אִיז גֶעשְׁלָאפֶען אוּנ הָאט מִיךְ גֶעפְרֶעגְט וָואס דָאס גֶערִידֶער בֶּעטַייט הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעזָאגְט דָאס דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד הִילֶעט זִיךְ אַבִּיסֶעל אַרוּם, דְרוּם אִיז עֶר בֵּייז גֶעוָוא־ רֶען אוֹיף אִיהם, דַאמָאלְס הָאבּ אִיךְ דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד

אַריין גֶעלָאזְט, וָואס וְוילְסְטוּ, הָאט אוֹיף אִיהם אַ גֶעשְׁרַייא גֶעטְהוּן דֶער אַשְׁמְדַאי. דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד אִיז דֶערשְׁרָאקִין גֶעוָוארֶען אוּנ אִיז אַנְטְלָאפֶען, יָא, הָאט עֶר אוֹיס גֶעשְׁרִיגֶען, אִיךְ מוּז אִיהם דִיא קְרַאפְט אַוֶועק גֶעמֶען, עֶר זָאל נִיט זַיין קַיין כִּישוּף מַאכֶער דֶען עֶר אִיז שׁוֹין צוּא אִיבֶּערְמוּטְהִיג, אוּנ עֶר הָאט קֵיינֶען דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד אֵיין נֶאטְהִיגֶען בֶּע-פֶעהל גֶעגֶעבֶּען, דַאמָאלְס הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אַז קֵיינֶער וֶועט מִיר שׁוֹין אִין וֶועג נִיט זַיין, הָאבּ אִיךְ דֶעם אַשְׁמְדַאי דִיא צְוֵויי זַאכֶען גֶעבֶּעטֶען, אוּנ עֶר הָאט מִיר זֵייא בַּאלְד גֶעגֶעבֶּען, אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶענוּמֶען אוּנ בִּין צוּא דִיר מַיין הֶערר אַהֶער גֶעקוּמֶען, דַארוּם הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַזוֹיא לַאנְג גֶעזוּימְט.

אַחְמֶעד הָאט דִיא זַאכֶען צוּ גֶענוּמֶען אוּנ דֶער גֵייסְט אִיז פַאר שְׁווינְדֶען גֶעוָוארֶען. יֶעצְט בְּרוֹיכֶען מִיר אִיהם שׁוֹין נִיט. הָאט אַחְמֶעד גֶעזָאגְט, מִיר קֶענֶען זִיךְ שׁוֹין אַלֵיין הֶעלְפֶען אָהן אִיהם, אִיךְ וֶועל שׁוֹין דִיא טוֹיטֶע פוּן דִיא בְּרֶעטֶער אַרָאפּ נֶעמֶען, אוּנ דוּ, הָאט עֶר צוּם בַּאדִינְטֶען גֶעזָאגְט וֶועסט זֵייא אַרָאפּ טְרָאגֶען אִין דִיא שִׁיפְס שְׁטִיבֶּען אַריין, אוּנ זִיא צַייאִידָא וֶועט יֶעדֶען טוֹיטֶען אַבִּיסֶעל וַויין אִין מוֹיל אַרַיין גִיסֶען, וֶועלִין זֵייא גֶעוְוים לֶעבֶּעדִיג וֶוערִין, עֶר נִיט אִיהר דֶעם וַויין אוּנ זִיא גֶעהט אַרָאפּ, עֶר נֶעמְט דִיא הַאק אוּנ צִיהט דֶעם נָאגִיל פוּן קַאפִּיטַאנְס קָאפּ אַרוֹיס דֶער קַאפִּיטַאן הֵייבְּט אָן זִיךְ צוּ רִיהרֶען, דָאס בְּלוּט הֵייבְּט אָן פוּן זַיינֶע וואוּנְדֶען צוּ רִינֶען, דֶער דִינֶער טְרָאגְט אִיהם אַרָאפּ אוּנ צַייאִידָא גִיסְט אִיהם וַויין אִין מוֹיל אַרַיין אוּנ

עֶר וֶוערְט לֶעבֶּעדִיג, אוּנ אַזוֹיא זֶענֶען אַלְלֶע גֶעוֶוארֶען דֶער רַאטִיוִויט. מֶען קֶען זִיךְ גָאר נִיט פָּארשְׁטֶעלֶען דִיא פְרֵייד פוּן דִיא מַאטְרָאזִין, דֶען יֶעדֶער הָאט גֶעוואוּסְט אִין וָואס פַאר אֵיין צוּ שְׁטַאנְד עֶר אִיז גֶעוֶוען, אַלֶע טַאנְצֶען אוּנ שְׁפְּרִינְגֶען דִיא פְרֵייד אִיז זֶעהר גְרוֹיס עֶס וֶוערְט גֶעטַאנְצְט בִּיז אִין דֶער נַאכְט אַרֵיין בַּייא דֶער נַאכְט אִיז פַאר אַלֶע אַ מָאהל-צַייט. אוֹיף דֶעם צְוֵייטֶען טָאג וִויל דֶער קַאפִּיטַאן נָאךְ אֵיין מָאהל-צַייט מַאכֶען. אָבֶער אַחְמֶעד זָאגְט צוּא אִיהם. אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אַייךְ בֶּעפְרַייט הָאבּ אִיךְ דָאךְ דָא גָאר נִיט צוּ טְהוּן, אוּנ אִיךְ הָאבּ נָאךְ מִיט דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד זִיךְ אָפּ צוּ רֶעכֶנֶען, אוּנ מַיין שְׁוֶועסְטֶער אָפּ צוּ נֶעמֶען פוּן אִיהם, דְרוּם בֶּעט אִיךְ אַייךְ לָאזְט עֶס אָפּ אוּנ אַיילְט אַייךְ צוּ צוּ פָאהרֶען צוּם בָּארְטִין. הָערְט אוֹיס, זָאגְט צוּא אִיהם דֶער קַאפִּיטַאן. אִיךְ בִּין דָאךְ אַייךְ אַלְץ שׁוּלְדִיג דְרוּם וִויל אִיךְ פוּן אַייךְ נִיט אָבְּטְרֶעטִין, אוּנ מִיר זָאלֶען זִיךְ צוּזַאמֶען נוֹקֶם זַיין אָן דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד. אַחְמֶעד אִיז דַארוֹיף בֶּעשְׁטַאנֶען אִין עֶטְלִיכֶע שָׁעָה אַרוּם אִיז שׁוֹין דִיא שִׁיף בַּיים בָּארְטִין גֶעשְׁטַאנֶען.

זַייא גֶעהֶען אִין שְׁטָאט אַרַיין קוּמְט זַייא אַקֶעגֶען דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע, אוּנ פֶערְצֶעהלְט זַייא אַז עֶר הָאט שׁוֹין גֶעפִינֶען דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד, עֶר וָואהנְט אוֹיף אֵיין אִינְזֶעל אִין שְׁטִילֶען יַם וואוּ קֵיינֶער קֶען צוּא אִיהם נִיט צוּ קוּמֶען, עֶר זָאגְט צוּ זַייא דָאס עֶר וִויל מִיט זַייא גֶעהן, דָאס זַייא זָאלֶען דֶעם וֶועג וִויסֶען, זַייא גֶעהֶען צוּ דֶער שִׁיף צוּרִיק, אוּנ דֶער קַאפִּיטַאן זָאגְט, מִיר וֶועלִין שׁוֹין דָא קֵיין

מִינוּט לֶענְגֶער בְּלַייבֶּען מִיר מוּזֶען שׁוֹין אַהִין צוּ אִיהם, כְּדֵי עֶר זָאל קֵיין צַייט נִיט הָאבֶּען פוּן דָארְט צוּא אַנְטְלוֹיפֶּען. אַלֶע בֶּעשְׁטֶעהֶען דַארוֹיף, מֶען מַאכְט דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע פַּאר אַ װֶעג װַייזֶער אַחְמֶעד טְשֶׁעפֶּעט צוּם זֶעגֶעל בּוֹים צוּא דִיא גָאלְדֶענֶע קֵייט כְּדֵי קֵיין שְׁטוּרְם זָאל נִיט שַׁאדִין אוּנ זָאלֶען קֶענֶען פָּאהרֶען אִין שְׁטִילֶען יַם דֶען דָארְט קֶען קֵיין שִׁיף נִיט פָּאהרֶען, אוּנ פָּאהרֶען אָפּ פוּן כָּארְטִין, זֵייא זֶענֶען צְװֵייא טָאג גֶעפָאהרֶען בִּיז זֵייא זֶענֶען אִין שְׁטִילֶען יַם אַרַיין גֶעקוּמֶען. אוֹיף דֶעם זֶעקְסְטֶען טָאג זֶענֶען זֵייא אָנְגֶעקוּמֶען צוּא אֵיין אִינְזֶעל, װֶעלְכֶע אִיז גֶעװֶען אַרוּם גֶעשִׁיצְט מִיט גְרוֹיסֶע פֶּעלְזֶען, דוּרְךְ װֶעלְכֶע מֶען הָאט אוֹיף דֶעם אִינְזֶעל נִיט גֶעקֶענְט אַרוֹיף.

דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע הֵייסְט אֵיין הַאלְטֶען דִיא שִׁיף דֶען אוֹיף דֶער אִינְזֶעל הָאט גֶעװָאהנְט דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד, עֶר װַייזְט זֵייא אַ װֶעג דוּרְךְ װֶעלְכֶען זֵייא װֶעלֶען קֶענֶען דוּרְךְ קוּמֶען אוּנ דֶער קַאפִּיטַאן מִיט אַחְמֶעד'ן גֶעמֶען מִיט צֶעהְן מַאטְרָאזִין יֶעדֶער שְׁטַארְק בֶּעװָאפֶּענְט אוּנ גֶעהֶען אוֹיף דֶער אִינְזֶעל אַרוֹיף, דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע גֶעהְט פָאר אוֹיס, זֵייא קְרִיכֶען אוֹיף דִיא פֶּעלְזֶען אַרוֹיף זֵייא זָאלֶען זֶעהְן װָאס אוֹיף דֶעם אִינְזֶעל טְהוּט זִיךְ. װִיא זֵייא קוּמֶען אַרוֹיף אוֹיף דִיא פֶּעלְזֶען דֶערזֶעהֶען זֵייא אֵיין שֵׁיינֶעם פַּאלֶעץ, אוּנ דֶער־הֶערֶען אֵיין יֶעמֶערְלִיךְ גֶעשְׁרֵייא פוּן פַּאלֶעץ אַרוֹיס. דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע זָאגְט זֵייא אַז אִין דֶעם פַּאלֶעץ װָאהנְט דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד. זֵייא זֶענֶען זִיךְ גָאר נִיט מְיַשֵׁב אוּנ הֵייבֶּען אָן גֶעשְׁװִינְד צוּא צוּא לוֹיפֶען צוּם פַּאלֶעץ װִיא זֵייא

קוּמֶען גֶעהֶנְטֶער צוּא, דֶערהֶערֶען זֵייא אֵיין פְּרוֹיֶענְצִימֶער שְׁרַייֶען, אוֹי! מַיין מַאן טוֹיט מִיךְ נִיט, וָואס הָאבּ אִיךְ דִיר דֶען גֶעטְהוּן, זֵייא הֵייבֶּען אָן גֶעשְׁווִינְדֶער צוּ לוֹיפֶען, דֶען זֵייא פֶערשְׁטֶעהֶען אַז עֶס מוּז דָא עֶטְוַואס זַיין, וְויא זֵייא קוּמֶען צוּא צוּם טְהוֹיעֶר, דֶערזֶעהֶען זֵייא אֵיין הוֹיכֶען מֶענְשׁ מִיט אַ גְרוֹיסֶע קְרוּמֶע נָאז, אוּנ אַ בְּלָאהֶע בָּארְד מִיט קְרוּמֶע פִּיס אוּנ דַארֶע הֶענְד, אוֹיף יֶעדֶער הַאנְד זֶעקְס פִּינְ־גֶער, הַאלְט אֵיין מֶעסֶער אִין דֶער הַאנְד אוּנ אֵיין נְקֵבָה בַּייא דִיא הָאר אוּנ וְויל אִיהר דֶעם הַאלְז אִיבֶּער שְׁנַיידֶען, אוּנ זִיא בֶּעט זִיךְ בַּייא אִיהם עֶר זָאל זִיא אָפּ לָאזֶען.

אַחְמֶעד אִיז זִיךְ גָאר נִיט מְיַשֵּׁב אוּנ גִיט אַ שְׁפְּרוּנְג צוּ אִיהם צוּ אוּנ זֶעצְט אִיהם זַיין שְׁוֶוערְד אִין רִיקֶען אַרַיין, דֶערוַוייל קוּמְט דֶער קַאפִּיטַאן אָן פוּן דֶער צְוֵוייטֶער זַייט אוּנ שְׁטֶעכְט אִיהם מִיט זַיין שְׁוֶוערְד אִין הַארְץ אַרַיין, דִיא בְּלָאהֶע בָּארְד פַּאלְט טוֹיט אַנִידֶער, זֵייא נֶעמֶען דִיא נְקֵבָה אוּנ דֶער מִינְטֶערְן זִיא וְויא זִיא קוּמְט צוּ זִיךְ הֵייבֶּען זֵייא זִיא אָן אוֹיס צוּ פְרֶעגֶען וֶוער זִיא אִיז. זִיא זָאגְט זֵייא אַז זִיא אִיז אַבְּרַאהִים אִיבּוּ עֶלֶעאַזַארְס טָאכְטֶער פוּן קַייאִירָא, מַיין שְׁוֶועסְטֶער! שְׁרַייט אַחְמֶעד, אִיךְ הָאבּ דִיךְ שׁוֹין גֶע־פוּנֶען אִיךְ הָאבּ מַיין וָוארְט דֶערהַאלְטֶען, זֵייא פַאלֶען זִיךְ אַרוּם אוֹיף דִיא הֶעלְזֶער אוּנ קִישֶׁען אוּנ פְרֵייֶען זִיךְ, אַלֶע פְרֵייֶען זִיךְ מִיט זֵייא, אוּנ זֵייא גֶעהֶען צוּזַאמֶען צוּרִיק אוֹיף דֶער שִׁיף אַרוֹיף.

וְויא זֵייא קוּמֶען אוֹיף אִיהר אַרוֹיף, הֵייבְּט זִיא זֵייא

אָן צוּ דֶערצֶעהלֶען וִויא עֶס אִיז אִיהר בַּיי דִי בְּלָאהֶע בָּארְד גֶענַאנְגֶען, זִיא הֵייבְּט אָן צוּ דֶערצֶעהלֶען.

וִויא עֶר הָאט נָאר מִיךְ פַאר אַוַוייבּ צוּ זִיךְ אַהֵיים גֶענוּמֶען, הָאט עֶר מִיר גֶעוִויזֶען זַיינֶע רַייכְטִימֶער וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוּנְבֶּעשְׁרַייבְּלִיךְ אַלֶעס אִיז גֶעוֶוען פוּן גָאלְד אוּנ עֶדֶעל גֶעשְׁטֵיין. מִיר הָאבֶּען זִיךְ גֶעלֶעבְּט רוּהִיג אוּנ פְרִידְלִיךְ. קֵיין קְרִיג הָאט זִיךְ צְווִישֶׁען אוּנְז אַריין גֶעמִישְׁט, דֶען עֶר הָאט מִיךְ גֶעשֶׁעצְט, אוּנ אִיךְ הָאבּ אִיהם גְיֶעהְרְט. מִיר הָאבֶּען אַזוֹיא צוּזַאמֶען צְוַוייא חֲדָשִׁים גֶעלֶעבְּט, אַמָאל פְּלוּצְלִינְג קוּמְט עֶר צוּ מִיר אַריין, אוּנ גִיט מִיר אַכְט גָאלְדֶענֶע שְׁלִיסְלֶען, אוּנ זָאגְט צוּא מִיר, אִיךְ פָאהר אַוֶועק אוֹיף אַרֵייזֶע, אִיךְ וֶועל מִיךְ אַצַייט זוּמֶען, דָא הָאסְט דוּא דִיא שְׁלִיסְלֶען. זֵייא זֶענֶען יֶעדֶער צוּגֶעפַּאסְט צוּ דִי פֶערשְׁלָאסֶענֶע שְׁטִיבֶּען אַלֶע שְׁטִיבֶּען מֶעגְסְטוּ דוּרְךְ זוּכֶען נָאר דִיא לֶעצְטֶע שְׁטוּבּ צוּ אִיהר פַּאסְט דֶער גְרֶעסְטֶער שְׁלִיסֶעל זָאלְסְטוּ נִיט עֶפֶענֶען, וֶועסְט דוּ זִיא אָבֶּער יָא עֶפֶענֶען, זָאלְסְטוּ וִויסֶען דוּ וֶועסְט שְׁטַארְק דֶערפַאר בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען, אִיךְ בִּין עֶטְוַואס אִיבֶּער גֶעשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען, אָבֶּער דָאךְ אִיךְ הָאבּ דִיא שְׁלִיסְלֶען צוּ גֶענוּמֶען, אוּנ עֶר אִיז אַוֶועק גֶעפָאהרֶען.

אוֹיף דֶעם צְוַוייטֶען טָאג הָאבּ אִיךְ צוּ מִיר פַארבֶּעטֶען צְווֵיי מַיינֶע גוּטֶע פְּרַיינְדִינֶען מִיר הָאבֶּען זִיךְ לוּסְטִיג גֶעמַאכְט אוּנ מִיר הָאבֶּען גֶעהִילֶעט אַצַייט אַוֶועק, אוּנְטֶער דֶער צַייט הָאבּ אִיךְ זֵייא דִיא מַעֲשֶׂה מִיט מַיין מַאן דֶערצֶעהלְט אוּנ הָאבּ זֵייא דִיא שְׁלִיסְלֶען גֶעוִויזֶען דַאדוּרְךְ זֶענֶען זֵייא נֵייגִירִיג גֶעוָוארֶען צוּ וִויסֶען וָואס עֶס מְהוּט זִיךְ אִין דִיא שְׁטִיבֶּען.

מִיר הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִיא שְׁטִיבֶּען דוּרְךְ צוּ זֶעהֶען, דִיא
שֶׁאנְקַייט פוּן דִיא שְׁטִיבֶּען אִיז נָאר נִיט צוּא בֶּעשְׁרַייבֶּען דִיא
שֶׁאנְקַייט אִיז גֶעוֶועזֶן פַאר בְּלֶענְדְט, דָאךְ דִי לֶעצְטֶע שְׁטוּבּ הָאבּ
אִיךְ נָאךְ נִיט גִיעֶפֶענְט, זַייא זֶענֶען אָבֶּער דַאדוּרְךְ נָאךְ מֶעהר
נֵייגִירִיג גֶעוָוארֶען, זַייא הָאבֶּען מִיךְ בֵּיידֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צוּ
רֶעדֶען, גֶענַויס הָאט דַיין מַאן דָארְט דִיא טַייֶערְסְטֶע זַאכֶען אוֹיף
דֶער וֶועלְט דוּרְךְ מוֹרָא הָאט עֶר דִיר אָנְגֶעזָאגְט דוּ זָאלְסְט דָארְט
נִיט אַרַיין גֶעהֶן אוּנ זָאלְסְט דִיא טִיהר נִיט עֶפֶענֶען, עֶפֶען דִיא
טְהִיר וָואס וֶועט עֶר דִיר קֶענֶען טְהוּן, וֶוען עֶר הָאט דִיךְ לִיבּ,
דוּרְךְ דֶעם צוּ רֶעדֶען בִּין אִיךְ אוֹיךְ נֵייגִירִיג גֶעוָוארֶען אוּנ הָאבּ
דִיא שְׁלִיסֶעל גֶענוּמֶען אוּנ הָאבּ דִיא שְׁטוּבּ גִיעֶפֶענְט. אָבֶּער
גְוַואלְד! עֶס שוֹידֶערְט מִיךְ נָאךְ יֶעצְט אַז אִיךְ דֶערְמַאן מִיךְ
דַארָאן, דִיא שְׁטוּבּ אִיז מִיט בְּלוּט בֶּעשְׁפְּרִיצְט אוּנ זִיבֶּען טוֹיטֶע
וַוייבֶּער זֶענֶען אוֹיף זִיבֶּען בֶּעטִין גֶעלֶעגֶען יֶעדֶער מִיט אֵיין אִיבֶּער
גֶעשְׁנִיטֶענֶעם נָארְגִיל, דֶען אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ גֶעפִיהרְט אַלֶע יָאהר
הָאט עֶר חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט אַ פְּרִישׁ וַוייבּ אוּנ אִין עֶנְדֶע יָאהר
הָאט עֶר זִיא גֶעטֵייט מִיט אֵיין אוֹיף גֶעשְׁנִיטֶענֶעם נָארְגִיל אוּנ
הָאט זִיא בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען פַארְשְׁלָאסֶענֶעם צִימֶער
אוּנ אִיךְ בִּין שׁוֹין גֶעוֶועזֶן זַיין אַכְטֶע פְּרוֹיא, אוּנ אִין סוֹף יָאהר
הָאט מִיךְ דָאס זֶעלְבֶּע גְלִיק גֶעוַוארְט, אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט צוּרִיק
אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקֶענְט, דִיא צְוֵוייא וַוייבֶּער זֶענֶען פַאר
שְׁרֶעק אַנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען, אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיךְ צוּא
אַנְטְלוֹיפֶען אָבֶּער אִין דֶער זֶעלְבֶּער מִינוּט אִיז מַיין מַאן אִין דֶער
שְׁטוּבּ אַרַיין גֶעקוּמֶען אוּנְטֶער אִיהם אִיז דָאס קְלַיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע
גֶעשְׁטַאנֶען, מַיין מַאנְס אוֹיגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶן פַ[illegible] לָאפֶען מִיט

בְּלוּט, אוּנ מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער שְׁטִימֶע הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁרַייעֶן. דוּא קַאנַאלְיֶע אַזוֹי הָאסְט דוּ מִיךְ גֶעהֶערְט, אִיךְ הָאבּ דִיר אָנְגֶעזָאגְט אַז דוּא זָאלְסְט נִיט אַרַיין גֶעהן אוּנ דוּ בִּיזְט יָא אַרַיין גֶעגַאנְגֶען, יֶעצְט וֶועל אִיךְ דִיר מֶעהר צָרוֹת אָנְטְהוּן וִויא זַייא אוּנ דֶער נָאךְ וֶועל אִיךְ דִיךְ טוֹיטֶען, דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאר מִיר צוּ בֶּעטִין דִי כְּלָאהֶע בָּארְד הָאט אוֹיף אִיהם אַ קוּק גֶעטְהוּן אִיז עֶר פֶערשְׁוִוינְדֶען גֶעוָוארִין, אִיךְ בִּין גֶעפַאלֶען אִין חֲלָשׁוּת וִויא אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוֹיפְגֶעהַאפְּט בִּין אִיךְ פַאר אֵיין הוּנְד פַאר טוֹישְׁט גֶעוָוארֶען, אִיךְ הָאבּ אָבֶּער נִיקֶענְט רֶעדֶען, עֶר הָאט זִיךְ פַאר אַ דֶערְוִויש פֶערשְׁטֶעלְט אוּנ הָאט מִיךְ גֶענוּמֶען אוּנ הָאט זִיךְ מִיט מִיר אִין אֵיין שִׁיף אַיין גֶעזֶעצְט. דָאס אַלְץ אִיז דָאךְ אַייךְ שׁוֹין בֶּעקַאנְט דַארְף אִיךְ דָאךְ אַייךְ נִיט צוּ דֶערצֶעהלֶען. נָאךְ דֶעם פַאר שֶׁעלְטֶען פוּן דֶער שִׁיף הָאט זִיא אָנְגֶעהוֹיבֶּען וַוייטֶער צוּ דֶערצֶעהלֶען, הָאט עֶר מִיךְ אִין דֶער לוּפְט אַהֶער גֶעבְּרַאכְט, וִויא עֶר אִיז גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז אִיהר קוּמְט אַהֶער, הָאט עֶר מִיךְ גֶעוָואלְט טוֹיטֶען, מַיין גְלִיק אִיז וָואס אִיזר זֶענְט אָנְגֶעקוּמֶען, וֶוען נִיט דָאס וָואלְט עֶר מִיךְ גֶעטֵייט, אוּנ דָאס אִיז מַיין גֶעשִׁיכְטֶע בִּיז יֶעצְט.

נָאךְ דֶעם פֶערצֶעהלֶען זֶעצֶען זִיךְ אַלֶע אוֹיף דֶער שִׁיף אַרוֹיף אוּנ פָאהרֶען נָאךְ קַייאִירָא, זַייא קוֹיפֶען זִיךְ דָארְט אַ שֶׁאנֶעם פַּאלֶעץ אוּנ בֶּעזֶעצִין זִיךְ דָארְט זַייא לֶעבֶּען דָארְט פְּרֵידְלִיךְ אוּנ שְׁטִיל בִּיז אִין הֶעכְסְטֶען עֶלְטֶער אַרַיין.

ע נ ד ע